

ראווינ׳ס

אילוסטרירטע קינדער־ביבליאטעק

№ 9.

מעשה׳לאך № 2

י. ראווין.

# מעשה׳לאך שיינע

פאר קינדערלאך קליינע.

—

:: פארלאג ::

„פאר אונזער קליינוואַרג״

לאדזש 1921



J. RAWIN

# Ładne bajeczki.

Tłocznia „KULTURA", Łódź, Cegielniana 10.

# דער רעטאַך.

הערט זיך איין — אַמאָל ניט יעצט
האָט דער זיידעשי פאַרזעצט
רעטאָך ביי זיין הויז:
גייט אַוועק אַ ביסל צייט,
ווערט פון „רעטאַכל א לייט,
וואַקסט... אַזוי די גרויס!
פון דער שמחה אויסער זיך,
קומט דער זיידעשי אויף גיך,
ברענגט מיט זיך אַ קויש.
שלעפּט אַהין און שלעפּט אַהער...
דאָך אומזיסט! עס גייט צו שווער
פון דער ערד אַרויס.

רופט דער זיידעשי גאַנץ הויך:
„באָבע יאָכע העלף מיר אויך!״ —
רייסן איצט שוין צוויי;
חיפּל כּוח נאָר פאַראַן



שלעפן ביידע ווי איין מאַן,
דאָך אומזיסט — אָי וויי.

שרייט די באָבעשי גאַנץ הויך:
„מירקע — אייניקל קום אויף!“
שלעפן אַלע דריי:
זיידעשי דעם רעטאַך ציט,
באָבעשי שלעפט ביידן מיט,
מירקעניו דערביי,
שלעפן אַלע ווי איין מאַן,
וויפל כּוח נאָר פאַראַן,

היידאַ... איינס און צוויי...
שלעפּ אַהין און שלעפּ אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער!
אַלץ אומזיסט — אָי ווײ!



רופט דאַן מירקעניו דעם הונט,
פייל פֿון בויגן גלייך ער קומט,
שלעפּן אַלע פיר:
זיידעשי דעם רעטאַך ציט,
באַבעשי שלעפּט ביידן מיט
מירקע הינטער איר:
ס'הינטעלע פּאַר מירקעס קלייד
כאַפּט זיך אָן און שלעפּט מיט פרייד,

היידאַ... איינס און צוויי...
שלעפ אַהין און שלעפ אַהער —
ניין עס איז נאָך אַלץ צו שווער,
אַלץ אומזיסט... אָי וויי!

רופט דער הונט די קיזי־קיץ,
קיזי קומט און העלפט מיט היץ —
פינף שוין האָבן מיר:
זיידעשי דעם רעטאַך ציט,
באָבעשי שלעפטביידן מיט,
מירקע הינטער איר,
ס'הינטעלע פאַר מירקעס קלייד,
קיזעלע שלעפט אויך מיט פרייד,
היידאַ... איינס און צוויי...
שלעפ אַהין און שלעפ אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער,
אַלץ אומזיסט... אָי וויי!

רופט דאַן קיזעלע די מויז,
קומט שאַרפציינדעלע אַרויס —



זעקס שוין האָבן מיר:
זיידעשי דעם רעטאַך ציט,
באָבעשי שלעפּטביידן מיט
מירקע הינטער איר,
ס'הינטעלע פּאַר מירקעס קלייד,
קיזעלע שלעפּט אויך מיט פרייד,
גאָר צולעצט די מויז־
שלעפּ אַהין און שלעפּ אַהער...
גיט דער רעטאַך זיך אַ קער,
פּוץ! — און שפּרינגט אַרויס!

זיידע, באָבע, מירקע אויך,
פאַלן אום און לאַכן הויך:



כאַ, כאַ, כאַ, כאַ, כאַ!
ס'הינטל העלכט צו האַו, האַו, האַו!
קיזי מיאַוקעט מיאַו, מיאַו, מיאַו:
ס'מייזעלע... אַהאַ:
אָט, אַ רעטאַך --- טראַ --- לאַ --- לאַ!



# דאָס גאָלדענע אייעלע.

דער זיידע מיט דער באָבן
אַ הינדעלע זיי האָבן, —
אַ הינדעלע פֿול חן,
אַ ראַבּינקע אַליין.

די ראַבּינקע די קליינע,
אַ שטיפּערקע נאָר איינע,

אהין, אהער קוואַ, קוואַ —
אַן אייעלע איז דאָ!



אַן אייעלע אַ וואונדער,
אַ וואונדער גאָר באַזונדער —
ניט פראָסט און ניט געמיין,
פון גאָלד נאָר עכט און ריין.

דער זיידע טוט זיך פרייען,
דאָס אייעלע אין צווייען
פרובט שפאַלטן אין דער מיט...
אומזיסט — עס שפאַלט זיך ניט.

די באָבע איז געקומען
און העלפן אים גענומען,



זי קלאַפּט פון אין דער פרי —
אומזיסט די גאַנצע מי!

(זיי מיינען מיט'ן קלאַפּן
דאָס געלכל צו דערטאַפּן,
אודאי אַ דימאַנט
און אפשר אַ בריליאַנט)!

נאָר ס'קלאַפּן האָט דערעסן,
און ביידע גייען עסן.

אוועק די אַלטע פּאָר.
דערווייל וואָס קומט דאָ פאָר?

פון אונטער דיל פון הייזל
קומט אָן א פלינקע מייזל, —
דאָס עקעלע א דריי
פארביי דער גאָלדנער איי

און הויבט זי אָן צו רירן,
צו רירן און צו פירן
ביז... טראַך! — צובראָכט, אָי וויי!
אויף פיצעלעך דאָס איי.

דעם זיידנס אויגן גיסן, —
דער באָבעס אויגן פליסן
מיט טרערעלאך גאָר פיל
אין ווינקעלע גאַנץ שטיל.

קומט ראַבינקע, טרייסט ביידן
די באָבע און דעם זיידן:



„דו, זיידעשי, ניט וויין,
„דו, באָבעשי, ניט וויין!

„איך וועל פון אייערטוועגן
„אַן אייעלע באַלד לייגן,
„און יעצט שוין ניט פון גאָלד,
„נאָר ווייס, ווי איר האָט האָלט.

„אַן אייעלע געראָטן
„צום קאָכן און צום בראָטן,
„זי איז שוין קווא, קווא גרייט —
„נו, עסט געזונטערהייט"!

# אױף מיר פרײנד.

אײנס און צװײ און דרײ און... דוקס!
בײ אַ באָטשאַן מיט אַ פוקס
האָט אַ פרײנדשאַפט זיך פאַרפירט;
כ'הײס ניט, װען דאָס האָט פּאַסירט,

נאָר זײ לעבן װי די פרײנד
ניט פון נעכטן, ניט פון הײנט.

גיט אמאָל אַ זאָג דער פוקס
צו זיין פריינד דעם באָטשאַן — „דוקס!

„קום אמאָל צו גאַסט צו מיר,
„כּבוד האָב איך גרייט פאַר דיר."
ענטפערט אָפּ דער באָטשאַן: „גוט!"
און דער כיטרער פוקס וואָס טוט?

קומט צו זיך גאָר אין זיין הויז,
מאַנע־קאַשע קאָכט ער אויס
און אויף טעלער דין צושמירט
קומט דער גאַסט — דער פוקס אים פירט

גלייך צום טיש — „פאַרזוך, מיין גאָלד,
„מאַנע־קאַשקע האָסטו האָלט?!
„ס'איז אויף פוטער, מילך און... זיס,
„נו ניט וואַרט, מיין קרוין, געניס!"

אונזער באָטשאַן קלאַפּ און קלאַפּ.
איבער טעלער — נאָר קיין קאַפּ
האָט זיין שנאָבל ניט דערשמעקט.



און דערווייל די קאַשע לעקט

גאָר בנעימות'דיק דער פוקס.
אויפגעגעסן, זאָגט ער — „דוקס!
„האָב ניט קיין פּאַראיבל, פריינד,
„מער קיין כבוד האָב איך היינט!

— אָך, א דאַנק עס מאַכט ניט אויס,
„מאָרגן קום צו מיר אַרויס"

און אהיים דער באָטשאַן גייט.
דאָרטן האָט ער צוגעגרייט

מאַנע־קאַשע אין אַ טאָפּ
מיט אַ שמאַלן, שמאָלן קאָפּ.
קומט דער פוקס — (איז הונגעריק שטאַרק) —
זעסט, מיין פריינד, איך בין ניט קאַרג,

זאָגט דער באָטשאַן, — דיר צוליב
גרייט איך צו, וואָס דו האָסט ליב:
„מאַנע־קאַשקע — אַך, ווי וואויל,
„אַך, אַ מאַכל — נעם אין מויל!

„ועסט הנאה האָבן, פריינד,
„כ'האָב אַליין געקאָכט זי היינט."
גייט דער פוקס אַרום דעם טאָפּ
שטופּט אַהער, אַהין זיין קאָפּ,

ס'גייט ניט... און די קאַשע שמעקט...
און זיין הונגער שטאַרקער וועקט.

שפייעכטס רינט אים שוין פון מויל.
און דער באָטשאַן איז גיט פויל,



שטופּט זיין שנאָבל אָפּט אַריין,
ווידער, אָבער, אויס און איין,
ביז די קאַשע גיט פאַרשווינדט.
פיקסל קוקט און ניט פאַרגינט.

און דער באָטשאַן גיט אַ זאָג:
דאָס איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

האָב ניט קיין פּאַראיבל, פריינד,
קענסט דעם שפּריכוואָרט, ווי מיר שיינט:
„די מע רעדט, אַזוי קלינגט אָפּ!"
שטאַרק אין כּעס טראָגט זיך אָפּ
שנעל דער פוקס — און ביידע פריינד?...
אוים! — פון דאַן זיי זיינען פיינד!



